

## לייב קוויטקאָ

# אלעפביים



לייב קוויטקאָ

# אַלעפֿבייס



געצייכנט פון מ׳יכאיל יאַ

אָ ג י ז
מעלוכע-פארלאג „דער עמעס"
מאָסקווע 1947



אַן אלעפ האָט פיר עקעלעכ –
א שטעקל מיט צוויי פלעקעלעכ.

---

אלעקסאנדער מאטראָסאָוו איז א העלד,
א דענקמאָל ווערט דעם העלד געשטעלט.

---

ארבעטער און פויערים
ארבעטנ באנאנד,
אליינ צו זיי געהערנ
אלע גיטער פונעמ לאנד.



אָדלער, אַדלער, פליסט ווי א וויכער,
אַבער פליִערס פליִען נאָך גיכער.

---

אַ, ווי שיינ די רויטע פאָנ
אפנ גרויסנ סטאדיִאָנ!

---

ניט אָפּלייגנ אפּ מאָרגנ,
וואָס קענסט נאָך הײַנט באזאָרגנ.



באר אונ באל פליִענ ווייל –
באל צומ באלקנ, באר צומ מויל.

---

באבצי בלומצי באקט דאַכ ברויט –
באקט אויכ ביילקע ברויט באמ פלויט.

---

בערע איז א בעריע בא די בינענ,
שטער ניט בערענ בא די בינענ.



גאנדז און גאַנער
גייען שפּאַצירן,
געלע
גענדזעלעך זיי פירן.

---

גרינע פעלדער אַן א ברעג,
גייט אינמיטן גרינס א וועג,
גאָלדע טראָגט א געלן הוט,
ועט מען גאָלדען זייער גוט.



דער דימענט שנײַדט דאָס גלאָז.
די קאַסע שנײַדט דאָס גראָז.
דער האָרן טוט אונדז וועקן,
דעם בלינדן פירט דער שטעקן.

---

דאָס דריידל דרייט זיך,
דאָס יאַטל פרייט זיך.



הוידלקע, הייב זיכ
העכער און העכער,
הייב די קינדער
ביז די דעכער!

---

הינדעלע און הענדעלע
עסנ פונ איינ קענדעלע.

---

הייב דעם האמער, שמיד,
שמיד, קאַלזמאנ עס גליט!



**א** געדרקעם רופֿן פֿון דער בײט:
פֿרײוט און עסט געזונטערהײט!

---

אונדזער הײם איז שטאַרק און גרױס,
אונדזער הײמלאַנד גײט פֿאָרױס,
אומעטום מיר בױען שײן,
אונדז איז גוט אין אונדזער הײם!

---

שטײען געבונדן אַלע צוזאַמען
הונדערט ברידער אָן א מאַמען.
װאָס איז עס?

(א גארב)



רוּװנ איז א דרייסטער יונג,
רוּװנ ווינטשט זיכ זײַנ א שווימער,
ווּנדער-שיינ ער טוט א שפּרונג,
ווּ א טײַכ נאָר — שווימט ער איבער.

---

פּרוּוו פארהאלטנ א ווּלקאנ,
פּרוּוו אימ אײַנשפּאנענ אינ שפּאנ!



בוי, בוי, בויער,
א מויער נאָכ א מויער,
א הויז נאָכ א הויז,
די גרויסע היים בוי אויס!

---

א בוים בייגט זיכ, ווען ער איז יונג.

---

יוירט דאָס טייג און ציט.
יויכ אין טעפּל זידט.



װײַל מיר לערנען בעסער,
װײַל מיר װערן פעסטער,
װעט אונדז סטאַלינס טרײַען
אונדזער הײמלאַנד בויען.

---

װאָלף און װעװריק

װאָלף און קלײנער װעװריק
װעטן א געװעט:
װער דאָס װעלדל גיכער
איבערלויפן װעט.
װאָלף אף דר'ערד לויפט אונטן,
װילד ער אײַלט, פאַרשװיצט,
װעװריק אף די בײמער —
שפּרינגט פון שפּיץ אף שפּיץ...



זיפּנ זיבנ זיפּנ נײַע
אונדז דאָס מעל, און זיב — די קלײַענ,
זיפּט דאָס זויבערע מעל ארויס,
לאָזט פּאַר זיכ די קלײַענ בלויז!

---

זײַ ווי זאַיע — מיט לײַב און לעבנ
אונדזער היימלאַנד איבערגעגעבנ.
זײַנ זאָל זויבער דײַנ געוויסנ,
זאָלסט, ווי זי, קיינ שרעק ניט וויסנ.

---

זאַנגענ קענענ שטיל ניט שטיינ,
אַז דער ווינט זיי בייגט.
זאָגנ זאַנגענ יאָ און ניינ —
ווי דער ווינט זיי נייגט.



זשיראַפֿ, זשיראַפֿ, דו זײַ געהיט –
אַ זשוקל קריכט, צעטרעט עס ניט.

---

גיי זשע װײַטער, זשאַבעצי –
דאָ װאַשט דאָס גרעט די באַבעצי.

---

דער זשוק איז אַ זשאָנגליאָר –
ער האַלט זיך אָפּ אַ האָר.



טעוול שרײַבט צו טײַבלען א בריוו:
טײַער טײַבל, כ׳שווים אפ א שיפ!
טרעפט א שטורעם, טרעפט א רעגנ,
טומלען כוואליעס אונדז אנטקעגנ,
טוט מיכ שרעקנ, מײנסטו, וואָס?
טעוויע איז דאָכ א מאטראָס!

---

— טא-טא-טי! שפילט די פלייט,
טאנצט דער אינדיק אפ דער בייט.
טויבנ בא דעם טויבנשלאק
בעטנ: „טאנצ אונדז א האָפּאק!“



**טש**אטעס פליִענ, א צוויטשערײַ,
די טשוביקלעכ טרייסלענ זיכ דערבײַ.

---

צומ טשערעט איז דער הונט אוועק!
טשיקאווע, וואַס האַט ער דערשמעקט?
באמ טשערעט ער בלײַבט, ער האַרכט
אונ טשאטעוועט דאַרט אפ א שאַרכ.



איך, דער יוד,
בין אוואדע ניט גרויס!
נאָר יִדיש
קומט אַן מיר ניט אויס!



ייִנגלעכ, מיידלעכ, יונגענ, יאטנ –
אפנ קרײַז פונ אײַז דעמ גלאטנ.
יאַגט א יאט זיכ נאָכ א יונג,
יונג – א שפאנ, אונ יאט – א שפרונג.



איידער פריידל עפנט די אייגעלעך,
שטייען שוין גרייט אפן לייטער
די פייגעלעך.
– שטיי אוף, פריידל, – צוויטשען זיי, –
היי, די אקאציע איז פול מיט שניי!



אײַלנ רויטע רײַטער,
שווײַגנדיק אונ זיכער,
בא די פערד די טלאָענ,
אײַנגעהילט אינ טיכער.
ווײַל דער פײַנט איז נאָענט,
רײַט מענ שטילערהייט,
אײַ, האָט מענ דעם פײַנט
צעריבנ אונ צעדרייט!

---

אױ, אײ, אײַ!

קומענ זיכ הוידענ דרײַ:
אױ, אײ אונ אײַ.
— אױ, כ'האָב מוירע, — זאָגט דער אױ, —
די הוידע איז דאָכ הויכ אזוי!
— אײַ, — זאָגט אײַ, — ס'איז דאָכ קעדײַ!
— היי, — שרײַט פריילעכ אויס דער אײ
אונ כאפט אונ זעצט זיכ אופ מיט זיי.



כעוורע, כ'האַב א זאַכ פאַר אײַכ:
כאַפּנ פישעלעכ אינ טײַכ!
כ'האַב אײַכ נעכטנ דאָכ געבראַכט
אכצנ קאַרפּנ גאָר א פּראַכט!

---

אכוצ די זיבנ בעכערלעכ
פאַרכאַפּ די קאַצ אפּגיכ,
כאָלילע ניט צעברעכ זײ נאָר,
די כײַע דראַפּעט זיכ!..



לעבנ הייסט לענינ,
לענינ הייסט לעבנ.
לענינ האָט גליק
אונ פרייד אונדז געגעבנ.

לענינ הייסט לערנענ,
לענינ איז ליכט,
לענינ די פעלקער
האָט אופגעריכט.

---

לייטערל, לייטערל, שטעל זיכ אופ,
לאָז מיכ אפנ דאכ ארופ,
וועל איכ זענ מיטאמאָל —
פאָנענ פאָכענ אָנ א צאָל.



מאָסקווע, מאַסקווע ליכטיקע,
מוטער אונדזער ריכטיקע!
מוטיק שפּאַנט דאָס פאָלק פאָרויס.
מאַסקווע מאַכט די פעלקער גרויס!

---

– מאַמע, מאַמע, מאָל איך שיין?
– מאָלסט, מײַן טאָכטער, מאָלע-כיין!..

---

מער פארזייען מערן –
מער זאָל מערן ווערן!



נעסטנ לעבנ נוסנבוימ
נאַענט באמ קארניז,
נעסטנ פול מיט אײפעלעכ,
נוסנבוימ — מיט ניס.

---

ניי, נאַדעלע,
ניי שנעל,
א נײַנקנ שינעל.
נוצ אימ, זונעלע, געזונטערהייט,
דער היימ, דער מאמענ אפ פרייד.



סטאַלין זאָרגט פאַר קינד־און־קייט,
סטאַלין זאָרגט פאַר גאָר דער וועלט,
סטאַלין גיט אונדז מוט און פרייד,
סטאַלינס ליכט די וועלט באַהעלט.

---

סאַליוטן, סאַליוטן אין מאָסקווע,
עס דונערט מיט סימכע, עס קוועלט:
די סאָנים מיר האָבן פאַרטריבן
און שאָלעם געגעבן דער וועלט!



עס פירט דאָס פערד פונ ווײַטנ בארג
דעמ קאָלווירטניק אפּנ מארק.
עפּל רויטע,
העלנ האָניק,
עמערס פול מיט עסנווארג.

---

ערד אונ הימל האָבנ געשווירנ:
הימל זאָל רעגענענ,
ערד זאָל געבוירנ,
עמעס זאָל שטראַלנ,
שעקער זאָל פאלנ!

---

יעטנ זאָלסטו יעדער בייט,
יעדער בייט וועט זײַנ א פרייד.



פּען, פענדזל אונ פּאפּיר –
פּוצ איכ אויס א גאָרטנ דיר:
פּאוועס זיצנ אפ די ערטער,
פּאָפּוגײַענ שרײַענ ווערטער,
פּיפּערנאָטער אינ מונדיר –
פּיפּ-פּאפּ – שיסט אינ טיר.



פענדלעך זידן, פארע פאָכט.
פון פארטאָג שוין קאָכט דער קאָך.
פארפל שיט ער, ציבל בריט ער,
פעטס אין בעקן קריגט זיך ביטער.
פריִער פרווט דער קעכער פײַן,
פעפערט צו און זאלצט ארײַן.
עפשער עפעס נאָך פארגעסן?
פארטיק, זעצט זיך עסן.

---

פײַער אף די סאָנים, פײַער!
פאר מײַן פרײַ לאנד, פאר מײַן טרײַען!
פלי, מײַן פלי-מאשין, געשווינד
אף די פליגל פונעם ווינט!



צ יגל לייגט מען,
צעמענט מישט מען,
צוקער-זאַוואָדן דאַרפֿן דאָ זײַן.
צעבן נײַנקע וואַקסן אויס.
צוקער-בורעקעס וועלן אַרײַן,
צוקער-ציגעלעך וועלן אַרויס.

---

מײַן ציבעלע וואַקסט,
די שפּיצן צעצווײַגן.
דאָס ציגעלע וואַרפֿט
צו דעם מיט די אויגן.
ניטע, ציג!



קוים וואַקס איך אויס,
קוים ווער איך גרויס,
קלײַב איך די בעסטע
אַרבעט אויס.
איך קלער און טו אַלץ קלערן —
איך וויל אַ קאָנסטרוקטאָר ווערן.

---

קלאַפּט אַ קינד אין פּײַקל:
— קומט אַהער, קומט אַהער!
אַ קאָמעדיע מיט אַ בער;
קונצן ווײַזט אַן אַלטער שפּער;
קלוגע קעמלען טאַנצן שערן;
קראָקאָדילן גיסן טרערן!



רינגעלע, רינגעלע, רויגעז,
זײַנענ מיר בערויגעז,
רינגעלע, רינגעלע ריק –
זײַנענ מיר כאווער צוריק.

---

ראַשט דער וואַסער-שטראַמ,
שפּרינגט אונ פאַלט,
אונ שפּריצט, אונ פּראַלט, אונ ברילט –
אונ נאַר אינ ווייכנ שוימ זיכ שטילט.

---

רעדט צומ ריבײַזנ די מער:
דײַנ גלאַטע זײַט געפעלט מיר מער!




שענסטער כאָלעם, וועט שוין וואָר!
שווימען כ'זאָל אפ דעם לינקאָר.
מיט די שיפלייט שטיין אפ וואך,
פארן הײמלאנד גײן אין שלאכט.

---

שמידער, שמידער,
שטעל אונדז ווידער
שטארקע גליטשערס,
שטעל אנידער
אונדז צו גליטשן זיך אפ זיי.
פעטער שנייער,
שיט אָן ווידער
שניי אפ שניי!



## ל ע נ י נ

העכער פונ בערג
אונ העלער
פונ לויטערע שטראָמענ —
דער טײַערער נאָמענ.

דער טײַערער נאָמענ,
ער פלאַקערט
אונ פירט אונדז אינ קריג,
אונ פירט אונדז
צומ זיכערנ זיג.

בא װעמענ סע װאַכט דאָס האַרצ,
אונ אויגנ ברענענ,
דער װײסט פונעמ נאָמענ,
דער װײסט אימ,
דער קענ אימ,
דער װײסט,
אז דער טײַערער
נאָמענ
איז לענינ.



135—3

# אין סעדער

עפּל-פּעפּינקעס און פלוימען,
און די שווערע באַרנ-בער!
בעטן ביימער: „ליבע קינדער,
נעמט אַראָפּ א קאַפּ, ס'ע שווער".

לאָזט זיך, כעוורע, לאַנג ניט בעטן,
לאַנג ניט בעטן — צוליב וואָס?
אַפ דער ערד איז אָנגעשאָטן,
פול מיט פרוכטן אַפן גראָז.

פריִער פילט מען אָן די קוישן,
גלײַך פון ביימער — ניט פון שאָט.
פולע קוישן, פולע קוישן
פאַר די אַרבעטער פון שטאָט.

דאַרף מען אָפּרוען א ביסל,
און א לייג זיך אַפן גראָז —
קוקט אַראָפּ א באַק פון עפּל,
און פון פלוים — א בלויע נאָז.

---

# דאָס טײַערסטע פון אַלץ

א פייגעלע איז געשטאַנען אַפּ א בוים, א יעגער האָט געצילט אין דעם און עס שטאַרק פאַרוווּנדעט.

איז אַן אַלטיטשקע צוגעגאַנגען צום פייגעלע און געזאָגט:

—גיב מיר אָפּ דאָס, וואָס דיר איז טײַערער פון אַלץ, וועל איך דיך צוריק געזונט מאַכן.

וואָס קען זײַן טײַערער פונעם לעבן?—טראַכט דאָס פייגעלע,—ווײַזט אויס, די אַלטע פרוי טרײַבט מיט מיר קאַטאָוועס.

—גוט,—זאָגט דאָס פייגעלע,—איך גיב דיר אָפּ דאָס טײַערסטע פון אַלץ, אַבי הייל מיך אויס.

די אַלטיטשקע האָט מיט איר ציטערדיקער האַנט אָנגערירט דאָס פאַרוווּנדעטע אָרט, איז עס באַלד פאַרהיילט געוואָרן. דאָס פייגעלע האָט א פאָכ געטאָן מיט די פליגעלעך אוועקצופליִען.

—וואַרט, מײַן טײַערע,—האָט די אַלטיטשקע געזאָגט,—גיב מיר אָפּ דאָס, וואָס איז טײַערער פון אַלץ.

—וואָס זאָל איך דיר אָפּגעבן?—האָט דאָס פייגעלע געפרעגט.

—דײַנע פליגעלעך,—האָט די אַלטיטשקע געענטפערט.

—דאָס קאָן איך ניט!—האָט אויסגערופן דאָס פייגעלע,—בעסער דער טויט, איידער צו לעבן אָן פליגעלעך! ווי וועל איך פליִען אַפ דער פרײַ?

—נו, פליִ דיר, געזונטערהייט!—האָט די אַלטיטשקע געזאָגט,— נאָר פון הײַנט און ווײַטער זאָלסטו געדענקען, אַז דאָס טײַערסטע פון אַלץ איז אויך טײַערער אַפילע פונעם לעבן.

דאָס פייגעלע האָט צעשפּרייט די פליגעלעך און זיך אויפגעהויבן אין דער הייך מיט א געזאַנג:

פרײַהײַט איז טײַערער פונעם לעבן!

# אפ דער קאמע

אפ דער קאמע
שווימענ פלימנ,
שיינע ביימער
גלייַכ געשניטנ.
איינס אינ צווייטנ
פעסט געהאלטנ.

זיכ געזעגנט
מיטנ קאלטנ
וואלד אינ צאָפנ,
שווימענ ביימער
אפנ דאָרעמ
ווערנ היימענ.

שווימענ פלימנ
אפ דער קאמע.
אָט, א יאטל
מיט זייַנ מאמע,
מיט די פענעמער
צו דאָרעמ,

אינ א ווינקל-פליט
זיכ פאָרענ.
ס'יאטל שיילט,
די מאמע שייַערט,
אפ א פלאמענדיקנ
פייַער,
קאָכט א טאָפ זיכ,
סופ מיסטאמע.
אונ דער דאמפ גייט
ווי פונ קאמע.

שרייַ איכ: — לייַט,
שווימט איר ווייַט?!
שרייַט דער יאט:
— אפ סטאלינגראד!
— אפ סטאלינגראד?!
נעמט מיכ מיט!

נאָר דער יאט
ענטפערט ניט.

# דאָס צוויטשערל

פארבאָרגנ צווישנ ביימער
אינ בלעטערשנ געמיש,
דאָרט צוויטשט דער ערשטער צוויטשער
אזוי באהארצט אונ פריש.
ער צוויטשערט אזוי מונטער, —
כאָטש קיינער האלט ניט אונטער:
צוויטש!

איכ זע דיכ ניט, איכ ווייס ניט,
פונוואנענ, ווער דו ביסט.
איכ הער אָבער, ווי מונטער
דייַנ צוויטשענ וועקט אונ גריסט.
איכ הער, אונ ס'מאכט מיכ מונטער —
אונ כ'האלט מיט הארצ דיכ אונטער:
צוויטש!

איכ ווייס, ביסט ניט קיינ אָדלער,
קיינ וואָלקנס ברעכסטו ניט.
געוויס איז ווייַט דייַנ צוויטשענ
פונ נאכטיגאלס א ליד.
נאָר וויַיל ביסט פלייַסיק-מונטער,
האלט אויכ דער וואלד דיכ אונטער:
צוויטש!

אונ כאָטש דו ביסט א ברעקל,
מיסטאמ א צוויטש די גרייס, —
דאָכ הערט די גאנצע וועלט דיכ,
ווענ גיסט דייַנ הארצ איר אויס.
די גאנצע וועלט ווערט מונטער
אונ האלט דעמ זינגער אונטער:
צוויטש!

# א וויגליד

מאמעלע מײַנ, מאמעלע מײַנ,
שלאָפ שוינ אײַנ, שלאָפ שוינ אײַנ,
איכ וועל דיר דערציילנ א מײַסעלע באלד,
ווי איכ בינ, דײַנ זונו, געגאנגענ אינ וואלד,
געגאנגענ אינ וואלד צו האקנ די שטאמענ,
צו מאכנ א שיפ, צו שווימענ אפ יאמענ,
די בייזע אקולנ צו קלאפנ,
די פישעלעכ גאָלדענע כאפנ.

ווי איכ בינ, דײַנ זונו, ארײַנ אינעם וואלד
אונ האק אינ דעם בוימ אונ דעם בוימ איכ צעשפאלט —
באווײַזט זיכ דער האָז אונ זאָגט מיט געבייזער:
— איכ בינ אינעם וואלד דער שרעקלעכער קייסער,
דו זאָלסט מײַנע וועלדער ניט האקנ,
איכ פרעס דיכ אפ ביידע פּאָר באקנ!
— אנו נאָר, דו האָזל-קאפּאָזל, קומ אהער,
אנו, לאָמיר פּרוּוונ, ווער וועמענ, ווער-ווער...

דערשרעקט זיכ דער האָז אונ קימט שוינ נימ מער,
באווײַזט זיכ דער פוקס אונ הייבט אָנ צו שפּרינגענ:
— געפעלסט מיר, קומ אהער, איכ וועל דיכ פארשלינגענ,
דו ביסט א געשמאקער, א גוטער,
איכ וועל דיכ פארפּרעגלענ אפ פּוטער.
אנו נאָר, דו פּיקסל-קאפּיקסל, קומ אהער,
אנו, לאָמיר פּרוּוונ, ווער וועמענ, ווער-ווער...

אנטלויפט ער, דער פוקס, אונ ווײַזט זיכ נימ מער!
נאָר דאָ קומענ אָנ די וועלפ אונ די בערנ,
מע בילט אונ מע ברילט — מעשוגע צו ווערנ:
די שרעקלעכע ציינער זיי ווײַזנ,
מע גייט מיכ אפ שטיקער צערײַסנ,
די שלונגענ, די צונגענ ארויס אונ ארײַנ —
מאמעלע מײַנ, אוי, מאמעלע מײַנ!

האָט סטאלינ דערהערט, וואָס טוט זיכ אינ וואלד,
האָט סטאלינ א טאנק ארויסגעשיקט באלד,
דער טאנק האָט די כײַעס צעשלאָגנ —
אונ מיכ צו דער מאמענ געטראָגנ...
מאמעלע מײַנ, מאמעלע מײַנ,
שלאָפ נימ אײַנ, שלאָפ נימ אײַנ.

איך וועל דיר דערציילן, ווילסט וויסן מיסטאָם,
ווי איך בין, דײַן זונו, געשווומען אין יאַם,
געשווומען אין יאַם צו זען די ברייטן,
צו קוקן אין טיף, צי וואַקסן דאָרט קווייטן,
די בייזע אַקולן צו קלאַפּן,
די פישעלעך גאָלדענע כאַפּן!

אַזױװי מײַן שיף אין די כוואַליעס איך שטויס,
אַזױװי איך צי אַ גאָלדנס אַרויס,
באַווײַזט זיך אַ ראַק, ער דרייט מיט די צוואַנגען:
— איך שלעפּ דיך אין גרונט, איך נעם דיך געפאַנגען,
סע וועט דיר ניט העלפן קיין קלאָגן —
מיט מיר קאָן זיך קיינער ניט שלאָגן!

אַנו נאָר, דו ראַקל-קאַבאַקל, קום הער,
אַנו, לאָמיר פּרוּוון, ווער וועמען, ווער-ווער...
דערשרעקט זיך דער ראַק און ווײַזט זיך ניט מער.
און דאָ ווי אַ באַרג דער וואַלפיש באַווײַזט זיך,
ער רײַבט זיך אין שיף: אין קאָפּ, זאָגט ער, בײַסט זיך,
סע קיצלט מיך שטאַרק אין די אַנגלען,
מיר גלוסט זיך מיט דיר צו ראַנגלען!

— אַנו נאָר, דו פּעמפּיק, אַנו, קום אַהער,
אַנו, לאָמיר פּרוּוון, ווער וועמען, ווער-ווער...
באַהאַלט זיך דער וואַלפיש און ווײַזט זיך ניט מער.
נאָר דאָ קומען אָן רעגנס און ווינטן,
זיי כאַפּן מײַן שיף און שטיקער זיי שינדן,
דער יאַם ווערט מיט בערג און מיט גריבער,
אָט קערט זיך מײַן שיפעלע איבער.

די גריבער די פינצטערע שלינגען מיך אײַן —
מאַמעלע מײַן, מאַמעלע מײַן!
האָט סטאַלין געהערט, וואָס עס טוט זיך אין יאַם —
האָט סטאַלין געשיקט אַזאַ הידראָפּלאַן,
ער האָט יענעם שטורעם צעשלאָגן —
און מיך אינעם קרעמל געטראָגן.

מאַמעלע מײַן, אוי, מאַמעלע מײַן,
סע עפנט די טיר, און ווער קומט אַרײַן?
און הייבט מיך אַרוף צו זיך אויף די הענט,
צו זיך אָט אַזוי, ווי פּאַפּע מיך נעמט,
און פרעגט מיך אַלץ אויס, וואָס טוט זיך אין יאַם.
נו, טרעף ווער דאָס איז? דו ווייסט שוין מיסטאָם.

# דאָס ערשטע יאָדליקל

ניט גוט האָט זיך אוועקגעשטעלט
דאָס יאָדליקל באַם פּליין.
וואָס איז עס פאר אַ אָרט אָט דאָ?
דערצו נאָך איין אליין.

איין אליין — אײַ, ניט גוט.
שמײַסט דער ווינט ווי אַ רוט.

נאָר טראכט עס דען אוועקצוגיין,
כאָטש ביטער שמײַסט דער ווינט?
כאָטש וואָס עס האָט דאָ אויסצושטיין
אַ יאָדליקל אַ קינד?

ווען שטערן שײַנען איבער פּליין,
און ווינטער־שלאָף באפאלט,
וואָס טרוימט אַ יאָדליקל אליין?
פארשטייט זיך פון אַ וואלד.

סע טרוימט, סע וואַקסט, סע ציט צום רוים,
און פעסט אין גרונט זיך האלט,
סע ווייסט, ס'איז דאָ דער ערשטער בוים,
דער אָנהייב פון אַ וואלד!..

# ווייץ

מיר זײַנען קערעלעך,
צוגעדעקט מיט שניי מיט קאלטן,
דעם גאנצן ווינטער
אין דער ערד זיך אופגעהאלטן.

איצט טראָגט די זון דעם שניי אוועק
און דעקט אונדז צו מיט נײַער דעק,
מיט זוניקער, ווארעמער פּערענע.

און ווען סע ווארעמט גוט אונדז אויס —
איז קריכן מיר פון דר'ערד ארויס,
פון אונטער זון — אין פרילינג־פלייץ!

מיר גרייטן זיך,
פארשפרייטן זיך
צו זײַן אַ יאם פון ווייץ!

# באפרײַט כאוועלע

(א פאָלקס-מעשׂה)

אַמאָל איז געװען אַ טאַטע מיט אַ מאַמע. האָבן זײ געהאַט אײנ־אײנציק טעכטערל כאװעלע. די טאַטע־מאַמע זײַנען אַװעק אַף דער אַר־בעט, און כאװעלע איז געבליבן אין דער הײם, האָט זי אױפגעראַמט די שטוב, צוגעבעט די בעטן, אױסגעקערט דאָס מיסט און געגאַנגען עס אַרױס־װאַרפן. פֿאָרט דורך אַ פֿאָרעץ און לאָזט אַרױס פֿון מױל זײַן פּײַקע. זאָגט ער צו כאװעלען: „מײדעלע, הײב מיר אױף די פּײַקע!“ אַזױ האָט ער געזאָגט דרײַ מאָל. ערשט דערנאָך האָט כאװעלע אױפגעהױבן די פּײַקע און דערלאַנגט דעם פֿאָרעץ. דאָ האָט דער פֿאָרעץ געכאַפּט כאַ־װעלען און אַװעקגעפֿאָרן מיט איר.

װי די טאַטע־מאַמע זײַנען אַהײם געקומען, זעען זײ, אַז כאװעלע איז ניטאָ. װערט זײ שלעכט און ביטער. האָט די מאַמע זיך אַװעקגע־לאָזט איבער פֿעלדער און װעלדער זוכן כאװעלען. גײט זי און גײט און טרעפֿט אַ שורע גענדז. זאָגט זי צו זײ:

„גענדזעלעך, גענדזעלעך!<br>
צי האָט איר ניט געזען אַ מײדעלע<br>
מיט אַ בלױ קלײדעלע,<br>
מיט שװאַרצע לאָקן,<br>
מיט רױטע זאָקן?“

האָבן די גענדז געענטפֿערט: „נײן, נײן!“

איז די מאַמע װײַטער געגאַנגען: האָט זי דערזען אַ האָן מיט אַ הון. זאָגט זי:

„האָנדל־הינדל, האָנדל־הינדל!<br>
צי האָט איר ניט געזען אַ מײדעלע<br>
מיט אַ בלױ קלײדעלע,<br>
מיט שװאַרצע לאָקן,<br>
מיט רױטע זאָקן?“

האָבן זײ געענטפֿערט: „נײן, נײן!“

גײט די מאַמע װײַטער און דערזעט אַ שורע אינדיקעס, פֿרעגט זי:

„אינדיקלעך, אינדיקלעך!<br>
צי האָט איר ניט געזען אַ מײדעלע<br>
מיט אַ בלױ קלײדעלע,<br>
מיט שװאַרצע לאָקן,<br>
מיט רױטע זאָקן?“

ענטפֿערן די אינדיקעס: „האָלדער־באָלדער יאָ!“ פֿרעגט די מאַמע: „זאָגט זשע מיר, װוּ איז כאװעלע?“ זאָגן די אינדיקעס, אַז כאװעלען האָט געכאַפּט דער פֿאָרעץ און זי פֿאַרשלאָסן הינטער זיבן טױערן. האָט די מאַמע גערופֿן דעם טאַטן און די בעסטע גוטע־פֿרײַנט, זײַנען זײ אַװעק־געלאָפֿן צום פֿאָרעץ, אױפֿגעריסן די זיבן טױערן און באַפֿרײַט כאװעלען.

# וועסט שלאָגן דאָס מיידעלע?

(א פאָלקס-מעשׂהלע)

אַמאָל איז געווען א באָבצי, האָט זי געוווינט מיט א מיידעלע אין פעלד אין א קליין שטיבל, די באבצי איז געווען א שלעכטע, זי פלעגט שילטן דאָס מיידעלע.

איינמאָל איז די באבצי מיטן מיידעלע אוועק קלײַבן שוואָמען אין וואלד, איז דערווײַל צום שטיבל צוגעקומען א בער און גענומען זיך דרייען אהין און אהער.

קומט דאָס הינטל און זאָגט: „רעב בער, וואָס דרייט איר זיך?" זאָגט דער בער: „וואָס ארט דיך, דריי זיך אויך."

דרייען זיי זיך אינצווייען.

אזוי־וויזיי דרייען זיך, קומט אָן א הירש און פרעגט: „בערע, הינטל, וואָס דרייט איר זיך?" ענטפערן זיי: „וואָס ארט דיך, דריי זיך אויך."

דרייען זיי זיך אינדרײַען שוין.

קומט צו דער האָן און פרעגט: „בערע, הינטל, הירש, וואָס דרייט איר זיך?" זאָגן זיי: „וואָס ארט דיך, דריי זיך אויך."

דרייען זיי זיך שוין אינפירן.

אזוי־וויזיי דרייען זיך, קומט צו א דעקל פון א טשײַניק און פרעגט: „וואָס דרייט איר זיך?" זאָגן זיי: „וואָס ארט דיך, דריי זיך אויך."

דרייען זיי זיך שוין אינפינפן.

קומט צו צו זיי א שטיק סמאָלע מיט א שפּילקע און זאָגן: „בערע־הינטל־הירשל־הענדל־דעקל, וואָס דרייט איר זיך?" זאָגן זיי: „וואָס ארט אײַך, דרייט זיך אויך." דרייען זיי זיך שוין אינזיבענען.

האָבן זיי זיך אזוי לאַנג געדרייט, ביז ס'איז געוואָרן נאכט. דארף מען גיין שלאָפן. גייט מען שלאָפן צו דער באבצין אין שטוב ארײַן.

דער בער לייגט זיך אין בעט. דאָס הינטל — אין וויגל, דער הירש — אין אויוון, דער האָן — אפ דער פּאָליצע, דאָס דעקל — אין קוימען, דאָס שטיקל סמאָלע — אין קעסטעלע שוועבעלעך, און די שפּילקע האָט זיך ארײַנגעשטעקט אין האַנטעך.

קומט די באבצי מיטן מיידעלע פונעם וואלד, זי שילט דאָס מיידעלע, וואָס צו ווייניק שוואָמען האָט זי אָנגעקליבן. די באבצי שעלט און גרייט זיך לייגן שלאָפן. זי גייט צו צום בעט, — טוט איר דער בער א זעץ מיטן פוס: „וועסט שילטן דאָס מיידעלע?" האָט די באבצי זיך דערשראָקן און זיך אָנגערירט אין וויגל, — גיט איר דאָס הינטל פון דאָרט א ביס: „וועסט שילטן דאָס מיידעלע?!" גייט זי זיך לייגן אפן אויוון: גיט איר דער הירש א שטורך מיט די הערנער: „וועסט שילטן דאָס מיידעלע?!" גייט זי צום אויוון זיך אָנוואַרעמען, פאלט אראָפּ אפ איר דאָס דעקל פונעם קוימען. גייט זי אָנצינדן דאָס לאָמפּ צו זען, וואָס טוט זיך אין שטוב, — וויל זי ארויסנעמען א שוועבעלע, קלעפּט זיך צו די סמאָלע צו די פינגער און וויל ניט אראָפּ. וואַשט זי זיך די הענט און וויל זיך אָפּווישן מיטן האַנטעך, גיט איר די שפּילקע אזא שטאָך, אז זי הייבט אָן שרײַען. צעשרײַט זיך דער האָן פון דער פּאָליצע:

„קרי־קע־קרו־קו, וועסט שילטן דאָס מיידעלע?!"

פון דעמלט אָן איז די באבצי געוואָרן א שטילינקע. אז אלע שטעלן זיך אײַן פארן קינד!

# דער ווייַנגאָרטן

איינמאָל איז דער פוקס געקומען צו א ווייַנגאָרטן. די ווייַנשטאָקן זייַנען פול באוואקסן געוועזן מיט גרינע און שווארצע ווייַנטרויבן. האָט דעם פוקס זיך פארוואָלט פארזוכן פון זיי.

אָבער וואָס טוט מען? דער פארקן איז זייער א הויכער און דער טויער איז צוגעשלאָסן.

דער פוקס איז ארומגעלאָפן ארום ווייַנגאָרטן, עפשער איז דאָ עפּעס א שפּארע אפ דורכצוקריכן. און א שפּארע האָט ער טאקע גע־פונען. נאָר זי איז צו שמאָל, ער קען ניט ארייַן דורך איר.

האָט דער פוקס געקלערט און צוגעקלערט: ער וועט פאסטן א פּאָר טעג, וועט הונגערן, מאָגער ווערן, וועט ער דעמלט זיך קענען דורכ־שפּארן דורך דער שפּארע.

צוויי מעסלעס האָט דער פוקס געפאסט און געמוזט נאָך פאסטן א דריטן מעסלעס, ערשט דעמלט, אן אויסגעמאָגערטער האָט ער זיך קוים דורכגערוקט און איז ארייַן אין ווייַנגאָרטן.

דאָ האָט ער זיך געלאָזט ווילגיין.

פון ווייַנשטאָק צו ווייַנשטאָק געשפּרונגען,

די ווייַנטרויבן לאָהעט געשלונגען.

מיט די לאפּעס געכאפּט,

מיט די ציינער געקלאפּט,

ניט געלעקט, ניט געשמעקט,— נאָר געפרעסן,

איינגאנצן אין וועכטער פארגעסן!

אייביק קען מען אין ווייַנגאָרטן ניט בלייַבן. דער וועכטער וועט זיך ארומקוקן, און דער גאנעוו וועט באקומען א פּסאק.

קומט דער פוקס צו דער שפּארע, נאָר ער קען ניט אדורך. ער איז ווידער דיק. וואָס טוט מען? ווי זאָל ער ארויס?

מוז דער פוקס טאָן דאָס פריערדיקע. ער האָט זיך באהאלטן אין געדיכטע גראָזן און גענומען פאסטן דריי טעג און דריי נעכט, מאָגער צו ווערן. אָבער דאָס פאסטן איז אים א סאך שווערער אָנגע־קומען ווי פריער, ווייַל פאר זייַנע אויגן זייַנען געהאנגען די פולע געשמאקע הענגלעך ווייַנטרויבן, און ער האָט ניט געטאָרט נעמען אין מויל!

ווען דער פוקס איז אן אויסגעדארטער, א מאָגערער קוים ארויס דורך דער שפּארע אין דרויסן, האָט ער געזאָגט:

—דער ווייַנגאָרטן איז אוואדע שיין, נאָר מע האָט פון אים קיין האנאָע ניט...

## אין ברונעם

איינמאָל איז דער פוקס געקומען צו א ברונעם. איבערן ברונעם איז אפּ א ראָד געהאנגען אן עמער.

דער פוקס איז זייער דאָרשטיק געווען, האָט ער זיך אריינגעזעצט אינעם עמער און אראָפּגעלאָזט זיך אין ברונעם, פונעם ברונעם האָט זיך אופגעהויבן א צווייטער עמער.

דער פוקס האָט זיך אָנגעטרונקען, זיך אָפּגעקילט און וויל ארויס פון ברונעם—קען ער ניט. קעדיי ער זאָל זיך אופהייבן, מוז דער צווייטער עמער אראָפּ אין ברונעם.

דערווײַל גייט פארבײַ א וואָלף און דערהערט, אז עמעצ איז אין ברונעם, לויפט ער צו און דערזעט דעם פוקס.

—הא, דו ליגנערוק, האָסט געוויס פארנארט א לעמעלע און ווילסט עס אליין אופעסן. אנו, גיב עס אהער!

אזוי שרײַט אויס זשעדנע דער וואָלף. דער פוקס האָט עס דערהערט—צעמעקעט ער זיך ווי א לעמעלע: „מו־מע, מו־מע, דער וואָלף זאָל מיך נעמען!"

האָט דער וואָלף גיך זיך ארײַנגעזעצט אינעם הענגענדיקן עמער און מיטאמאָל א פּראל געטאָן אין ברונעם ביז צום וואסער,—האָט גלײַך דער עמער מיטן פוקס געטאָן א פלי ארויף, און דער פוקס שטייט שוין אפּ דער ערד.

ווען דער וואָלף האָט דערזען, אז ער איז געבליבן צום נאר, האָט ער אויסגעשריִען:

—פארוואָס קומט עס מיר, דו ליגנער!

האָט דער פוקס אים געענטפערט מיט געלעכטער:

—פון קלִעם באפרײַט ווערט דער גערעכטער,

און זײַן אָרט פארנעמט דער שלעכטער!

## ווי לעמל ראטעוועט די מילך

די מאמע גייט אהיים,
לויפט לעמל איר אנטקעגן:
„אײַ, מאמע, איז געשען,
דו זאָלסט שוין גאָרניט פרעגן!

א מײַזעלע ארײַן איז
אין מילך, אין גרויסן טאָפּ:
סע שווימט, סע הייבט זיך, רײַסט זיך
און פאלט צוריק אראָפּ!"

„האָסטו ניט לאנג געוואַרט
און דאָס ארויסגעשארט?"
„נאָך וואָס? איך האָב אין טאָפּ
די קאצ ארײַנגעשפארט!"

# דאָס זשוקל

א רעגנ! א רעגנ!
סע גיסט מיטאמאָל
אינ רינוועס, אינ ריטשקעס,
אינ טײַכל, אינ טאָל.

סײַ ביימער, סײַ טוויעס,
זיי ציטערנ נאַס,
קיינ מענטשנ, קיינ פייגל,
קיינ הינט ניט אינ גאַס.

אונ איינס נאָר א זשוקל
מיט פיסעלעכ רויט
דאָ דרייט זיכ מיט ריטשקעס
אונ שפּילט זיכ מיט טויט.

אָט קערט זיכ דאָס איבער —
אוי, גול-גול, אונ אויס!
אָט שטעלט דאָס א פיסל
אונ רײַסט זיכ ארויס.

אָט טוט אים אינ קעפּל
א טראָפּנ א קלאַפּ,
אונ אונטנ א בולבע
אָט טוט עס א כאַפּ.

נאָר דאָ טוט א שפּענדל
א קרימ זיכ, א לאָפּ,
א נייג זיכ צומ זשוקל
אונ נעמט עס ארופּ.

דאָס שטעלט זיכ אינמיטנ
אונ האלט זיכ גוט צו,
עס שווימט זיכ דאָס שפּענדל
אונ טראָגט ערגעצ-ווּ.

די ריטשקע, זי בלעבלט,
אונ זילבערט אונ בלענדט,
עס טראָגט זיכ דאָס שפּענדל
פאר שטיבער, פאר ווענט.

אונ קומט צו א שטיבל
אונ טוט זיכ א שטויס,
ארײַנ אינ א לעכל,
ארײַנ אינ א הויז.

דאָ ווּינט א מישפּאָכע
מיט קינדערלעכ דרײַ,
זיי כאַפּנ דאָס זשוקל
אונ לאָזנ עס פרײַ.

# אפן גליטש

גליטשן, גליטשן, גליטשן ווידער,
ווארעם ווערט אין אלע גלידער,
פלאם אין בעקלעך,
קראפט אין הענט,
אין די אויערן פייַער ברענט.

מיט א שליטל,
אָן א שליטל,
אפ א קלאָץ, א דראָנג, א ריטל,
אפ די קני, צי אפן היטל,
היי, אלצייַנם!
יאָט און יאָט, —
גליטש איז אויסגעגאָסן גלאט.

פראָסט האָט ליב צו זייַן אין דרויסן,
פראָסט האָט ליב א גליטש א גרויסן!
פראָסט האָט ליב, אז מ'איז ניט מיד,
לאָמיר זינגען אים א ליד:

שמידער, שמידער,
מיט גלעזערדיקע גלידער,
קומסט אפ גאנצן ווינטער,
האלטסט זיך מיט אונדז אונטער,
ציסט אונדז פון די טויערן,
שנעלסט אונדז אין די אויערן,
מאכסט פאר אונדז טרוקן,
שטעלסט פאר אונדז בריקן,
און אפ בארג און אפ טאָל
שטעלסט פון אייַזן און פון שטאָל,
שטעלסט אזוינע גליטשן,
אזוינע גוטע גליטשן!



# דער הימנ פונ סאָוועטנ־פּאַרבאַנד

א בונד רעפּובליקנ א פעסטנ, א פרײַענ
באַהעפטט האָט אפ אייביק דאָס גרויסרוסיש לאַנד,
זאָל לעבנ די שאַפונג פונ פעלקער געטרײַע,
דער אײנהײַטלעכ שטאַרקער סאָוועטנ־פּאַרבאַנד.

לויב אונדזער פאָטערלאַנד פרײַענ אונ מעכטיקנ,
דו ביסט פאַר פרײַנטשאַפט פונ פעלקער די זײַל.
פאָלקס־פאָנ סאָוועטישע, פאָלקס־פאָנ גערעכטיקע,
זאָל זי צום זיג אונדזער וועגווײַזער זײַנ!

דורכ שטורעמס די פרײַהײַט געטאָג האָט אונדז שטראַלנ,
ס'האָט לענינ דער גרויסער דעם וועג אונדז באַהעלט.
אפ טרײַהײַט דעם פאָלק האָט דערצויגנ אונדז סטאַלינ,
אפ מי אונדז באַגײַסטערט, מיט גוווּרע באַזעלט!

לויב אונדזער פאָטערלאַנד פרײַענ אונ מעכטיקנ,
דו ביסט פאַר גליק פונ די פעלקער די זײַל.
פאָלקס־פאָנ סאָוועטישע, פאָלקס־פאָנ גערעכטיקע,
זאָל זי צום זיג אונדזער וועגווײַזער זײַנ.

דערצויגנ אינ שלאַכט אנ ארמיי פונ גיבורים,
די פרעכע פאַרכאַפּערס מיר ברעננגענ זיי אום.
אינ שלאַכט מיר אנטשיידנ דעם גורל פונ דורעס,
דאָס פאָטערלאַנד אונדזערס מיר פירנ צום רום.

לויב אונדזער פאָטערלאַנד פרײַענ אונ מעכטיקנ,
דו ביסט פאַר רום פונ די פעלקער די זײַל.
פאָלקס־פאָנ סאָוועטישע, פאָלקס־פאָנ גערעכטיקע,
זאָל זי צום זיג אונדזער וועגווײַזער זײַנ!

---

| | | | |
|---|---|---|---|
| א A | אָ O | ב Б | ג Г |
| ד Д | ה — | ו (וּ) У | וי ОЙ |
| וו В | ז З | זש Ж | ט Т |
| טש Ч | י Й | י (יִ) И | יי ЭЙ |
| ײַ АЙ | כ Х | ל Л | מ М |
| נ Н | ס С | ע Э | פּ П |
| פֿ Ф | צ Ц | ק К | ר Р |
| ש Ш | | | |

אויסער די דאָזיקע אויסיעס זײַנען אינעם אַלטן אויס־לייג פֿאַראַן אויך ח (כ), תּ (ט), ת (ס) און פֿינף שלאָס־אויסיעס ך (כ), ם (מ), ן (נ), ף (פֿ), ץ (צ).

# אינהאלט



---


Редактор *А. Фрумкин.*

Подписано к печати 18/X-47 г. Б—03511. Печ. л. 3. Уч.-изд. л. 2,48. Формат бумаги 84x108/16. Тираж 25.000 экз. Зак. 135. Цена 2 руб.

Типография Госиздательства „Дер Эмес". Москва, Старопанский пер., № 1.

